Rok I. Żydowska Gazeta Robotnicza. Organ partyi socyalno-demokratycznej. Nr. 27.

די אדרעסע פון דער רעדאקציע
און אדמיניסטראציע:
Jüdische Arbeiter Zeitung
Kraków,
Slawkowska 29.
טעלעפאן נומער 624
איינצעלנע נומער 8 העל.

יודישע
# ארבייטער=צייטונג
ארגאן פון דער סאציאל־דעמאקראטישער פארטיי.
ערשיינט יעדען פרייטאג.

אבאנאמענטס־פרייז:
יעהרליך: 4. קראנען.
האלביעהרליך: 2. קראנען.
פיערטעליעהרליך: 1. קראנע.
פרייז פון אנאנסען:
פיר יעדער שורה פעטיט אדער
איהר פלאטץ 10 העללער.

Kraków, piątek 6 października 1905. נומער 27. קראקוי, 6 אקטאבער 1905.

## גענאסען, קלויבט אויפ'ן פרעספאנד!

## די ענגליש־יאפאנישע קאנווענציע.

I.

ניט ווארטענדיג ביז דער פריעדען צווישען יאפאן און רוסלאנד וועט ענדליך אונטערשריעבען ווערען, האט די ענגלישע און יאפאנישע רעגירונגען פערעפ׳נטליכט די נייע ענגליש־יאפאנישע קאנוועציע. זי לויטעט:

1. אויב איינע פון די צוויי מלוכות וועט בעמערקען, אז זייערע ספעציעלע רעכט און אינטערעסען זענען אין געפאהר, מוז זי תיכף מודיע זיין וועגען דעם דער אנדער מלוכה און ביידע רעגירונגען פעראייניגען זיך און נעהמען אן מיטלען אום צו בעווארענען זיך געגען דער געפאהר.

2. ווען איין מלוכה אדער עטליכע מלוכות וועלען צוזאמען אנפאלען אויף יאפאן אדער ענגלאנד און איינע פון די פערבונדענע מלוכות וועט גע־צוואונגען זיין אנהויבען א קריעג, אום צו שטיצען איהרע רעכט אדער אינ־טערעסען, מוז די צווייטע מלוכה אויפ'ן שטעל קומען איהר צו הילף, אינ־איינעם פיהרען די מלחמה און שליסען פריעדען ניט אנדערש אלס מיט דעם הסכם פון ביידע מלוכות.

3. ווייל יאפאן בעזיצט אין קארעא בעזונדערע פאל טישע, מיליטערישע און עקאנאמישע רעכט, אנערקענט ענגלאנד דאס פולע רעכט צו פיהרען און קאנטראלירען אלע ענינים פון קארעא און אויף צו האלטען דאס לאגר אונ־טער איהר שוץ. אלע איבעריגע לענדער האבען אבער גלייכע הנחות אין דעם פרט פון האנדעל אין קארעא.

4. יאפאן אנערקענט דאס רעכט פון ענגלאנד אנצונעהמען אין די לענדער, וואס ליעגען אין שכנות מיט אינדיען, אזעלכע מיטלען וואס די ענגלישע מלוכה וועט האלטען פאר נויטהיג פאר די זיכערהייט פון איהרע אינדישע קאלאניעס.

5. די ענגלישע און יאפאנישע מלוכה זענען זיך מתחיב, אז יעדער פון זיי זאל אהן הסכם פון דער אנדערער ניט מאכען קיין אבמאך מיט וועל־כער ניט איז מלוכה, וועלכע האט א שייכות צו מזרח־אזיען.

6. ענגלאנד איז זיך מתחיב די שטרענגסטע נייטראליטעט צו בע־אבאכטען און קומען יאפאן צו הילף, ווען אנ'אנדער מלוכה וועט אויף איהר אנפאלען. ווייל אין דעם פונקט רעדט זיך אויך נאך וועגען דעם רוסיש־יאפאנישען קריעג, קען מען זיך שוין גרינג אנשטויסען, וואס פאר „אנ'אנדער מלוכה" מען מיינט עס אין דעם פונקט.

7. אין דעם פונקט ווערט אנגעוויזען ווי איינע פון די ביידע מלוכות האט צו העלפען דער אנדערער.

8. דער אבמאך גילט 10 יאהר. יעדע פון די ביידע מלוכות מוז מיט א יאהר פריהער מתרה זיין די אנדערע, אויב זי וויל זיך אבזאגען פון דער איצטיגער קאנווענציע.

די קאנווענציע איז דעם 12־טען אוגוסט פון מיניסטער לאנסדאון און פון יאפאנישען געזאנדטען האיאסי אין לאנדאן אונטערגעשריעבען גע־ווארען.

די איילעניש, מיט וועלכער מען האט די קאנווענץ פערעפענטליכט, ערקלעהרט זיך מיט דעם געדודער וואס דער פריעדען האט אנגעמאכט אין יאפאן. דער אבמאך אין פארטס מוטה האט אין יאפאן ארויסגערופען א שרעקליכע אונצופריעדענהייט. אין דער הויפטשטאדט איז זאגאר געקימען צו אונארדנונגען. די יאפאנישע רעגירונג האט געוואלט ווייזען דעם פאלק, אז די פרוכט פון פריעדען זענען ניט אזוי קליין ווי עס מיינט, און מען מוז צוגעבען, אז די נייע קאנפערענץ איז ווירקליך א גרויסער זיעג פאר יאפאן, ניט קיין קליינערע ווי דער ערשטער אבמאך צווישען ענגלאנד און יאפאן. ווייל אויב דער ערשטער האט געגעבען יאפאן די מעגליכקייט צו האלטען דעם קריעג מיט רוסלאנד, ווייל ענגלאנד האט ניט צוגעלאזען קיין זייטיגע מלוכה זיך אריינמישען אין דעם קריעג, — מאכט די איצטיגע קאנווענציע מעגליך יאפאן צו פערדייען די פרוכט פון דעם גרויסען זיעג, בינדענדיג די רוסישע רעגירונג ווייניגסטענס אויף לאנגע יאהרען.

געגען וועמען די קאנווענציע איז געריכטעט, דערמיט בעשעפטיגט זיך איצט די גאנצע אייראפעאישע פרעסע. מיר וועלען עס ערקלעהרען אין נעכסטען ארטיקעל.

---

## דער ארבייטס לאהן.

דער לאהן קען קיינמאל ניט אזוי הויך שטייגען, אז דער קאפיטא־ליסט זאל שוין ניט קענען פיהרען ווייטער זיין געשעפט און פון איהם לעבען, ווייל אויב אזוי וואלט איהם דאך לוינען בעסער צו פערמאכען דאס געשעפט. דער לאהן פון ארבייטער קען דעריבער קיינמאל ניט גלייך ווערען מיט דעם ווערט פון די פראדוקטען, וועלכע ער בעשאפט. ער מוז אבגעבען דעם קאפי־טאליסט א געוויסען עודף, א געוויסען מעהר ווערט צו קויפען ארבייטס־קראפט.

דער עודף איז גרעסער ווי מען מיינט געוועהנליך, ער ענטהאלט ניט נור דעם ריוח פון פאבריקאנט, נור אויך פיעל אזעלכע זאכען, וועלכע מען רעכענט אפט אריין אין די פראדוקציאנס אויסגאבען, ווי צ. ב. גרונד־רענט (שכירות פאר די ערד). פראצענט פון אריינגעלעגטען קאפיטאל, די הוצאה אויפ'ן סוחרישען פערזאנאל, ראבאט פארין סוחר, וועמען דער פאבריקאנט פערקויפט זיין סחורה און ז. וו. דאס אלעס דארף מען אברעכענען פון דעם עודף, וואס דער ווערט פון פראדוקט איז גרעסער פון דעם ארבייטס לאהן. דער עודף מוז זיין גענוג גרויס, דאס געשעפט זאל „געבען הכנסה", דער לאהן מוז דעריבער זיין פיעל קליינער פון ווערט, וועל־כען דער ארבייטער בעשאפט.

איבערינענס דער ארבייטס־לאהן דערלאנגט כמעט קיינמאל ניט די גרעסטע הויך, וועלכע ער וואלט געקענט דערגרייכען, געוועהנליך איז ער נאהנט צו דעם ניעדריגסטען שטאנד. דער ניעדריגסטער שטאנד איז דער, אויף וועלכען דער לאהן גענוגט שוין ניט דעם ארבייטער אויף חיונה. ווען דער ארבייטער ביי זיין לאהן שטארבט ניט נור צו פון הונגער, נור שטארבט שוין גאר פראסט פון הונגער, הערט ער אויף צו ארבייטען.

צווישען די צוויי גרענעצען וואקעלט זיך די הויך פון לאהן; זי איז קליינער, וואס קליינער די פאדערונגען ווערען, צו וועלכע דער ארבייטער האט

## Wydawnictwa Spółki nakładowej „Książka“.

***Blos Wilhelm.** Rewolucya Francuska. Z 2 rycinami. Dwa tomy. (Na cienkim papierze 2 tomy w jednym). Cena 12 koron.

***Feldman W.** O Rosyi. Cena 1 korona.

***Informator.** Stronnictwa polityczne w Królestwie Polskiem Cena 2 korony.

**Kalthoff Albert.** Światopogląd religijny. (Treść: Przedmowa Wstęp. — Nieskończoność świata. — Zachowanie siły. — Teorya rozwoju. — Pochodzenie wiary w Boga. — Treść wiary w Boga. — Modlitwa. — Stary i nowy człowiek. — Wiara i wiedza. — Wiara i jednostka — Wiara i życie. — Prawo dziedziczności. — Prawo przystosowania. — Idealizm. — Ideał i życie. — Ideał jednostki. — Ideał społeczny. — Ideał religijny. — Wspólnota religijna. — Kult religijny. — Biblia. — Nauka religii. — Religijne wychowanie młodzieży. — Symbole religijne. — Religia a klechy. — Rzut oka wstecz). Cena 3 korony 20 halerzy.

***Kasprowicz Jan.** Chrystus. Poemat społeczno-religijny. Cena 3 korony w oprawie.

***Mańkowski Mieczysław.** U stóp szubienicy. Urywek ze wspomnień więziennych „proletaryatczyka“. Cena 60 halerzy.

***Marks-Engels-Liebknecht.** Odbudowanie Polski. (Zbiór artykułów o kwestyi polskiej.) Cena 2 korony.

***Narkiewicz-Jodko i Szymon Dykszstajn.** Polski Socyalizm Utopijny na emigracyi. (Dwie rozprawy). Cena 1 kor. 20 hal.

**Orkan Władysław.** Herkules nowożytny i inne wesołe rzeczy. (Zbiór nowel). Cena 2 korony.

**Orkan Władysław.** Ofiara. Fragment w 3 aktach z 1846 r. Cena 1 korona 50 halerzy.

**Orkan Władysław.** Wina i Kara. Tragedya w 3-ech aktach. Cena 2 kor.

***Płochocki Leon.** Rosyjskie partye polityczne i ich stosunek do sprawy polskiej. (Treść: Przedmowa. — 1881 — 1903. Rosyjskie stronnictwa polityczne w przededniu wojny. — Stronnictwa rosyjskie wobec sprawy polskiej — Dodatki). Cena 3 korony.

***Stepniak S.** Losy nihilisty. Romans. Z przedmową Jerzego Brandesa. Cena 6 koron.

**Verhaeren E.** Jutrznie. Dramat społeczny. Przekład Maryi Markowskiej. Cena 2 korony.

* * *

***Gierszyński Henryk dr.** Emigracya i Skarb narodowy. Cena 20 halerzy.

***Luśnia Michał.** Jak się narody rządzą? (Wydawnictwo Związku Postępowej Młodzieży Polskiej z funduszu imienia H. Bukowskiego). Cena 60 halerzy.

***Plechanow.** Anarchyzm i socyalizm. Cena 2 koron 60 hal.

***Rocznik Związku Postępowej Młodzieży Polskiej.** Rocznik I. 1905. Cena 1 korona.

**Rops F.** Porządek panuje w Warszawie. (Wspaniała heliograwura). Cena 7 koron 50 halerzy.

***Zmowa powszechna przeciw rządowi.** (Wydawnictwo Ludowego Koła Oświaty). Cena 30 hal.

Wydawnictwa, oznaczone gwiazdką (*) nabywać można również na specyalnym cienkim papierze).

**Do nabycia we wszystkich księgarniach.**

## Pod prasą i wkrótce wyjdą.

**Jaeckh G.** Historya Międzynarodowego Stowarzyszenia Robotników.

**Promus C.** Powstanie chrześciaństwa.

**Wasilewski Leon.** Rządy konstytucyjne w Zachodnie Europie i Ameryce.







Wydawca odpowiedzialny redaktor Ignacy Gross.

Z drukarn Józefa Fischera w Krakowie.

האָט זיך דאָ נאָר טועה געווען. און אָט הערט ווי אַזוי עס זעהן אויס די „פּריווילינאָנס־מאַנדאַטען“.

אַם 25 און 26 מערץ ד. מ. האָט שטאַטגעפֿינען דער געווערקשאַפֿט־ליכער קאָנגרעס אין פּשעמישל, איז געקומען פֿון ביליץ ביאַלע דער „גרויסער“ אַניטאַטאָר ביערפֿאַס. איז געווען ביערפֿאַס'עס ערשטע וואָרט: „פֿאַסט, ניט מיר אַ מאַנדאַט“, טראָצדעם וואָס ער איז צוויי יאָהר אין פּשעמישל נישט געווען! מיט דעם דעלעגאַט פֿון פֿעראיין „ברידערליכקייט“ אין פּשעמישל האָט זיך פֿאַסט אין געהיים אָבגעשמיסט, מען זאָל דעם מאַנדאַט געבען דעם הערר מאַנדעל. עס איז אָבער נישט געלונגען טראָטץ די הייסע ווערטער, וועלכע מאַנדעלס אָנהענגער האָבען געשריגען, אַז „דאַשינסקי וועט זיין אויף דעם קאָנגרעס. און צו ענטפֿערן דאַשינסקין מוז זיין מאַנדעל, ווייל איין אַרבייטער וועט נישט קענען“. נען. פֿאַסט! וואו זענט איהר? אין דעם אַרטיקעל וועלכען איהר האָט אונטערגעשריבען שרייט איהר „פּריווילינאָנס־מאַנדאַטען“. ווער ווען נישט איהר אַליין האָט אַזעלכע „פּריווילינאָנס־מאַנדאַטען“ אויסגעאַרבייט? אין אייער אונטערגעשריבענעם אַרטיקעל שרייט עמיצער: „און האָבען זיך נישט ווויסענדיג געמאַכט ווען זיי זענען געקומען צופֿאָהרען“. וואו איז געווען ראָזע, וועלכער האָט געהאַט איין מאַנדאַט אויף דעם לעצטען פּאָלימישען קאָנגרעס אין קראַקוי און וועלכער האָט איהם גע־קריגען דערפֿאַר, ווייל איהר האָט אייך אין געהיים אָבגעשמוסט, מען זאָל זעהן אויף דער פֿערזאַמלונג פֿון פֿעריין „ב־ידערליכקייט“ דורך צו דריגנען ראָזען דעם מאַנדאַט. און ווען איהר אַליין האָט איינגעלאַדען ראָזען ווען ער איז געווען אין פּשעמישל, ער זאָל אָבגעבען אַ בעריכט, האָט ער זיך וויסענ־דיג געמאַכט? וואו איז געווען דער אַקאַדעמיקער קאַטץ, וועלכער האָט גע־האָט איין מאַנדאַט פֿון די האַנדעלס געהילפֿען ווען האָט ער זיך וויסענדיג געמאַכט? ווערט נאָר געוואָר וואָס פֿאַר אַ מאַנדאַט האָבען געהאַט גראָסמאַן פֿון קראַקוי, קאַנט פֿון לעמבערג און אַנדערע, וועלכע זענען געווען סעפּעראַטיסטישע דעלעגאַטען אויף דעם לעצטען פּאָליטישען קאָנג־רעס! ווער דאַרף שרייען פּריווילינאָנס מאַנדאַטע, איהר וואָס בייט „אידעען“ ווי העמדער יעדע וואָך אין האָט געברענגט דאַצו (נישט אַלס אַנפֿירער נור אַלס מעקלער), אַז עס זענען ווירקליך אויף דעם לעצטען קאָנגרעס געווען פּריווילינאָנס מאַנדאַטע. און יעצט זענט איהר אַזוי פֿערשעמט און וואַ־פֿט אויף אונזער פּאַרטיי בלבולים! צו זאָלכען קען נאָר איין מעקלער, אָבער נישט קיין אַנהענגער זיך וואַגען. און יעצט זאָלען די נען. און לעזער אורטהייַ־לען וואָס פֿיר איין ווערט די הקדמה פֿון דער גענעראַל שטרייקט אידעע האָט.

צום אַרטיקעל זעלבסט קען איך אין דער דיסקאַסיאָן קיין אַנטייל נעמען, ווייל איבער דעם גענעראַל שטרייק און זיין; ווערט האָב איך אַ גאַנץ קליינעם בעגריף (נאָר אַז גענעראַל שטרייק מיינט מען נישט ראַס די עסט־רייכישע נענ־עדעלער ווילען שטרייקען, האָב איך געוויסט) אין איך זאָל מיר לייען ווערטער און פֿאַקטען ביי אַנדער־ע בין איך ביז היינט וועניגסטענס נישט געוואוינט. דאַדורך לאָז איך דיא דיסקוסיאָן דער רעדאַקציע און אַנ־דערע נען. לאָזען זיי זיך מיט דעם „מיטעל צום ציעל“ און „מיטעל צום צוועק“ בעפֿאַסען!

פּשעמישל אַם 2 אָקטאָבער 1905. י. זיענמאַן!

(מיר האָבען אויך בעקומען אַנ'אַרטיקעל פֿון נען. פֿאַסט. מיר האָבען איהם אָבער ניט געדרוקט, ווייל אויסער שאַרפֿער פּאָלעמיק, אָדער בעסער אויסער וידלערייען ענטהאַלט ער קיין זאַכליכען אינהאַלט. די עטליכע פֿאַקטען פֿון זיין לעבענס בעשרייבונגס, האָפֿנונגען און פֿערצווייפֿלונגען קענען נאָך דערווייל אונזערע לעזער ניט אינטערעסירען, פֿיעלייכט אין די צוקונפֿט... פֿאַר דער פֿאָלקאָס פֿרייע דיסקוסיאָן וועגען גענעראַל־סטרייק, פֿאַר און געגען איז אונזער צייטונג אָפֿען. די רעד.)

# פֿון פּראָווינץ.

בראָדי, דעם 30־טען סעפּטעמבער.

אונזערע בורזשואַ־ציוניסטען האָבען דעם סאָציאַליזמוס אַזוי גוט סטו־דירט, דאָס זיי זענען געקומען צו דער אַנזיכט, אַז מאַרקס און לועגער האָבען דעם זעלבען בעגריף איבער די פֿ־אַגע פֿון יודישען פּראָלעטאַריאַט (געוויס דערפֿאַר, וויילביידע „קאַרל“ הייסען (?!)

זעהר אינטערעסאַנט איז געווען די רעדע פֿון דעם ציוניסט קעננער אויס קראַקוי, אין וועלכער ער האָט אונז פֿאָרמולירט וואָס די פּועלי ציון

---

און חייקעל פֿלעגט נאָך דעם ליעד אָנהויבען נאָך אַ ליעד און נאָך אַ ליעד, ביז די אַלע „כשרה“ סאָציאַליסטישע ליעדער פֿלעגען זיך אויסנעהמען, — זינגען פֿלעגט זיך איהם ווילען נאָך אַזוי פֿיעל! און ער פֿלעגט מיט אַנ'אונרוהיגען קול פֿרעגען:

— מעהר קיין ליעדער זענען נישאָ?

„איהר אַרבייטער פֿרויען“!

— נו, פֿלעגט חייקעל דערויף אַ קניטש טהאָן זיך, דאָס איז אפֿילו אַ סאָציאַליסטישע ליעד, אָבער ניט פֿאַר מאַנסביל, און דערביי פֿלעגט ער זיך דער־מאָנען אָן די „פֿון פֿאַרענט ברכות אין דאַווענען“ שעשני כרצונו, וואָס איז געשטאַנען אין סידוריל מיט קליינע אותיות'לעך און וואָס ער פֿלעגט דאַרויף נאָר קוקען מיט די אויגען, אָבער, אַלס אַ ווייבערשע ברכה, דאָס ניט זאָגען... כאָטש אָן און פֿיר זיך איז אויך די ברכה ביי איהם הייליג געווען, ווי יעצט דאָס ליעד „איהר אַר־בייטער פֿרויען“.

די עיקרים פֿון סאָציאַליזמוס איז ביי חייקלען בעשטאַנען אין „האַסען דעם שונא“. דער שונא איז פֿערשטעהט זיך, די רוסישע רעגיערונג, אָדער ווי אויף חייקעל'ס לשון הייסט, „פֿאַניע גנב“. דאָס איז אָבער נאָר דער פּאָליטישער שונא. דער עקאָנאָמישער שונא איז דער קאַפּיטאַל. וואָס הייסט אָבער האַסען דעם קאַ־פּיטאַל? האַסען קען מען נאָר און מען דאַרף די קאַפּיטאַליסטען, די פֿאַבריקאַנטען „די וואַמפּירען“. ווי איז אַ מצוה צו האַסען מיט'ן גאַנצען האַרצען...

און חייקעל, אַלס פֿרומער סאָציאַליסט, האָט מאַקי ווי געהאַסט. דאָס וואָרט קאַפּיטאַליסט אָדער פֿאַבריקאַנט און עהגליכע ווערטער פֿלעגט ער ניט קענען אויסריידען גלייכגילטיג. זיין געדיבט פֿלעגט אין גאַנצען זיך אומבייטען, די אויגען פֿלעגען שיטען פֿונקען פֿייער און עס פֿלעגט דיך דוכטען, אַז ער פֿערברענט ווי מיט זיין אָטהעם...

עס פֿערשטעהט זיך, אַז ניט בעסער איז זיין בעציהונג געווען צו זיין קאַפּי־טאַליסט“ צו זיין פֿאַבריקאַנט, בער יוזעלמאַן. ווער רעדט נאָך, זייט די בערשטער האָבען דעם ערשטען סטרייק געמאַכט און האָבען איהם מיאוס פֿערשפּילט און דריי בערשטער האָט דער „מיאוסער וואַמפּיר“ אַלס בונטאָווטשיקעס דער פּאָליציי איבערגעגעבען, איז זיין שנאה פֿלאַם פֿייערדיג געוואָרען און ווען דער דאָזיגער פֿאַבריקאַנט פֿלעגט אַריין אַמאָל אין דער אָבטהיילונג, וואו חייקעל איז געשטאַנען אין אַ געדיכטען שטויב און געקעמט די חזיר האָר, פֿלעגט ער אויף צו להכעיס אויפֿהערען פֿלייסיג, ווי שטענדיג, צו אַרבייטען און זאָל ער קריגען די גאָל... און זאָל זיין דיקער בויך צופּלאַצט ווערען...

דער דיקער בויך פֿלעגט אָבער די גאָל ניט בעקומען און ניט צופּלאַצט ווערען, גאַנץ רוהיג און געלאַסען פֿלעגט ער זיך צוקוקען צו חייקלען, מיט זיינע גרויסע אויגען איהם אָנקוקען און מיט זיין אונאַנגענעהמען קול שטיל און רוהיג זאָגען:

— דאַכט זיך, דו האָסט פֿערלאַנגט אַ הוספֿה... פֿאַר אַזאַ פֿיינער אַרבייט ביזטו מאַקע ווערט אַ הוספֿה.

דאָ פֿלעגט שוין חייקעל, מיט אַ האַרץ פֿול מיט האַס, שנאה און נקמה בעגעהר זיך נעהמען שנעל, אונגעווינליך, אוננאַטירליך שנעל צו אַרבייטען מיט'ן בינדעל חזיר האָר אין האַנד איבער דעם אייזערנעם קאַם... אַזוי שנעל, ביז ער פֿלעגט אַוש די פֿינגער צובלוטען... ווי ער וואָלט געענטפֿערט:

— נו, מיראַן דערפֿאַר בין איך שוין ווערטה אַ הוספֿה?!

און די שנאה איז נאָך שטאַרקער געוואָרען.

אָפֿט מאָהל פֿלעגט אויך אַריינקומען אין חייקעלס אָבטהיילונג ועהן צו דער פּאַפּא איז נישאָ?“ רעם פֿאַבריקאַנטס טאָכטער פֿאַניע, אַ יונגע שלאַנקע פֿריילין, מיט אַ קלאָהר געזיכט, שוואַרצע האָר און שוואַרצע אויגען, וועלכע האָבען זעהר שטאָלץ אָבער מיט פֿיעל חן געקוקט. איהר אַריינגאַנג פֿלעגט אַ שטאַרקען רושם מאַכען אויף די אַלע אַרבייטער. דער שטויב, וואָס איז געשטאַנען אין אָבטהיילונג, פֿלעגט זיך ווי אין פֿאַסען שטראַהלען פֿערוואַנדלען. זי פֿלעגט אָבער גלייך, אפֿילו קיין אַרויע ניט זאָגענדיג אַרויסלויפֿען און נאָך אַ קליין פּויזעלע, וואָס איהר אַוועקגאַנג פֿלעגט פֿעראורזאַכען, פֿלעגט זיך פֿערבינדען אַזאַ מין געשפּרעך:

— אַ רוח אין איהר, ווי שעהן זיא איז!

— וואָס פֿעהלט איהר, קדחת מיט כשר'ע פּאָדעס.

— עס ליגט שוין פֿאַר איהר אין באַנק 50 טויזענד...

— מען דאַרף איהר נאָר „ריידען“ חייקלען וועט ער ווערען אַליין אַ קאַ־פּיטאַליסט...

חייקעל פֿלעגט רויט ווערען און פֿלעגט ענטפֿערן ניט אָהן כעס:

זיך צונעוואוינט, וואס מעהר ארבייטער עס איז דא אויפ'ן מארק, וואס קלייגער עס איז די ווידערשטאנדס קראפט פֿון די ארבייטער. אים אלגעמיין גענומען, מוז דער לאהן זיין אזוי הויך, ער זאל אונטערהאלטען די פֿעהיגקייט פֿון ארבייטער צו דער ארבייט, אדער אנדערש — ער זאל פֿארזיכערן דעם קאפּיטאליסט די נויטהיגע צאהל ארבייטס קראפֿט. דער לאהן מוז אלזא זיין אזוי הויך, אז דער ארבייטער זאל קענען ניט נור בעהאלטען די כחות צו דער ארבייט, נור אויך אויסהאדעווען קינדער, וועלכע זאלען מיט דער צייט פֿעהיג זיין צו דער ארבייט.

די עקאנאמישע ענטוויקלונג האט די פֿאר די פֿאבריקאנטען זעהר גוטע טענדענץ צו ווארפֿען די פּרייזען פֿון די לעבענס מיטלען און — וואס קומט פֿון דעם ארויס — צו ווארפֿען דעם לאהן.

די קראפֿט און פֿלינקייט זענען אמאל געווען נויטהיג פֿאר'ן ארבייטער. דער למוד פֿון דער מלאכה האט געדויערט זעהר לאנג, די הוצאות פֿון זיין אויסהאלטען זענען דעריבער געווען זעהר גרויסע. זינד אבער די מאשינען און די ארבייטס־צוטהיילונג האבען זיך ענטוויקעלט אין דער היינטיגער פּראָדוקציע ווערט די קראפֿט און פֿלינקייט אלץ מעהר איבריג. אין טאקי צוליעב די ענטוויקלונג קען מען איצט א קוואליפֿיצירטען ארבייטער פֿארטרעטען מיט א ניט קוואליציר'טען, מיט א ווערלווערען! מענער קען מען פֿערטרעטען מיט פֿרויען און זאגאר מיט קינדער. שוין אין גרויס האנד אינדוסטריע האט מען געקענט בעמערקען די טענדענץ, אָבער ע׳שט נאך דעם מאשינען איינפֿיהרען פֿאנגט זיך אן אויף א גרויסען אופֿן די שווערע ארבייט פֿון פֿרויען און קינדער. מיר זעהען דא א נייע שעהנע מעלה פֿון דער מאשין אין די הענד פֿון קאפּיטאל.

אמאָל, כדי ער זאל קענען האבען קינדער און איבערגעבען זיי די ארבייטס קראפֿט, האט דער ארבייטער, וואס האט ניט געהערט צו דער משפחה פֿון אונטערנעהמער, געמוזט בעקומען אזא לאהן, וועלכער זאל אויסהאלטען ניט נור איהם נור אויך זיין פֿאמיליע, ווייל ווען ניט וואָלטען די שפּעטערדיגע דורות ניט האבען קיין פּראלעטאריער. היינט אבער, ווען די פֿרוי און קינדער פֿון דעם ארבייטער זענען שוין אים שטאנד אליין צו ארבייטען אויף זיך, קען דער לאהן פֿון א ארבייטער, פֿאמיליענפֿאטער פֿאלען ביז צו דעם שטאנד הוצאות אויסצוהאלטען איהם אליין; דער קאפּיטאליסט האט שוין ניט וואס צו זארגען, עס זאל בלייבען ארבייטס קראפֿט. די ארבייט פֿון פֿרויען און קינדער האט נאך פֿאר די פֿאבריקאנטען די גוטע צייט, ווייל זיי זענען וויינינגער פֿון די מאנספּערשוינען נוטה צו שטעלען א ווידערשטאנד און דערביי פֿארמעהרען זיי די צאהל פֿון די אויסגעשטערקטע ארבייטער הענד.

די ארבייט פֿון פֿרויען און קינדער איז ניט נור זי פֿערקלענערט די הוצאות פֿון אויסהאלטען דעם ארבייטער; זי פֿע קלענערט אויך זיין ווידערשטאנדס קראפֿט און פֿערגרעסערט די צאהל וואס זוכט ארבייט. די אלע אומשטענדען ווירקען אויף דער פֿאלען פֿון ארבייטס לאהן.

קארל קויטסקי.

---

# א וואָרט צום ארטיקעל „פֿאַרן קאנגרעס".

איך וואָלט מיך נישט ערוואַנט קיין אנטהייל צו נעהמען אין דער טעאָרעטישער דיסקוסיאָן פֿון דעם ארטיקעל וועלכער איז געווען פֿון גענ. פֿאסט אונטערגעשריבען. נאָר כדי די לעזער קלאָר צו מאכען איבער די „פּריוויליגיאָנס מאנדאטען" ערלויבע איך מיר מיט איינינע צייַלען דעם פּלאַטץ צו פֿערנעמען: עס איז זעהר ריכטיג אז מען דארף דעם מענש נישט גלויבען וועלכער ווערט געוואוינט, אָדער עס ליגט אין זיין נאטור (אין דעם פֿאל איז דער מענש נישט שולדיג) צו האנדלען מיט אידעען אזוי ווי איין באנקראָטירטע סוחר האנדעלט ווען ער באנקראטירט מיט זיין געשעפֿט! ווי צ. ב. איין אָקסען סוחר ווערט דערנאך איין מעקלער און קוים שטעלט ער זיך אביסעל „אויף די פֿיס" זיכט ער ווידער איין אנדער'ן משא־מתן. אזוי שטעלט זיך מיר פֿאָר די אונטערשריפֿט פֿון דעם אויבען דערמאהנטען ארטיקעל: זי (די אונטערשריפֿט) האט באנקראָטירט מיט די רוסיש ראדיקאלע, איז זי געוואָרען א מעקלער ביי די סאציאלדעמאָקראטען. האט זי זיך (די אונטערשריפֿט) געשטעלט אביסעל „אויף די פֿיס" איז שוין דאָ איין משא־מתן מיט די „סעפּעראטיסטען" און יעצט זעהען מיר די זעלבע אינטערשריפֿט ביי די „אידעע" פֿון דעם גענעראלשטרייק: אָבער גראדע ביי די „פּריוויליגאָנס מאנדאטען" וועל איך דעם גענ. פֿאסט אביסעל גלויבען. ער

---

# פֿעליעטאָן.

oooo

## די נייע שאלה.

(הומאָרעסקע).

פֿון אברהם רייזען.

אז חייקעל דער בערשטער האט דאָס ערשטע מאָל, ווען ער איז אלט געווען 16 יאָהר, דערהערט אז עס זענען דא מענשען וואָס ווילען מאכען, אז עס זאָל ניט זיין קיין רייך און ארים האט ער אויף דעם וואָס האט דאס אידם געזאָגט, איראָניש געקוקט מיט זיינע גרויסע שווארצע אויגען און זיך אנגערופֿען:

— דו ווילסט „לייזען"? ניין, ברודער, ניט געטראָפֿען דעם ארט! ביי מיר וועסט ניט לייזען — געה זוך אן'אנדער נארר.

שפּעטער אָבער, אז „הברה" האט איהם אריינגענומען אין זייערע הענד און מען האט איהם אריינגערוקט דעם ספר „גן עדן התחתון", האט זיך איהם שוין גענלעגט די זאך אויפ'ן מח. אָבער בענעדמען דאָס ווי געהעריג און ווערען א מאמין דערין האט ער נאך ניט געקענט. דריי מאָל האט ער דעם „גן עדן התחתון" געלעזען, אין פֿיעל ערטער געפֿרעגט פּשט, וואָס „חברה" האט איהם ערקלערט אויפ'ן שעהנסטען און פֿאָפּולערסטען אופֿן מיט אלע אויסריידענישען, און דאך האט ער, קראצענדיג זיך אין פּאה און אביסעל ווי צוטומעלט גערעדט:

— אָבער ווי אזוי קען דאָס זיין?

האט אָבער חברה ניט געשווינען און האט איהם מכבד געווען מיט דעם קליין שעהן ספר'ל, „די מעשה מיט די פֿיער ברידער". אזא מין מעשה האט ער אפֿילו אמאָל געלעזען, זי האט געהייסען „מעשה בנ' אחים", („אחים" האט ער געוואוסט נאך פֿון תלמוד תורה איז דער טייטש ברידער) אָבער נאך דער מעשה בנ' אחים איז ער פֿרימער געוואָרען און דאָט מיט מעהר כוונה אנגעהויבען צו דאווענען, כדי אז טאָמער וועט ער אמאָל חלילה פֿערוואָרפֿען ווערען אויף א וויסטע

זאָל איהם גאָט אויך מציל זיין, ווי יענעם צדיק פֿון דער מעשה; אָבער אז ער האט דורכגעלעזען „די מעשה מיט די פֿיער ברידער" איז ער צום דאווגען קעלטער געוואָרען און האט שוין געהאט א שטיקעל ידיעה אין סאציאליזמוס.

חברה האט דערזעהן, אז עס געהט א גאנג, אז פֿון חייקלען קען ארויסוואקסען א סאציאליסט א לייט, האט זי איהם געגעבען „פֿון וואָס איינער לעבט" און „ווי קומט א יוד צום סאציאליסמוס?" און „רפֿאל נעריצך" און שפּעטער נאך „טיעפֿערע" און נאך שווערע ביכלעך, אויף וועלכע חייקעל פֿלעגט זאגען, אז זיי זענען נאך שווערער, ווי די גמרא „ביצה", וואָס ער האט אמאָל אנגעהויבען אין תלמוד תורה צו לערנען.

— שווערער — האט ער צוגעגעבען מיט אן'ערנסטען שמייכעל, — אָבער שעהנער.

און אזוי ביסלעכווייז איז חייקעל בערשטער געוואָרען א סאציאליסט אויף זיין שטיינער. דאווגען פֿערשטעהט זיך, האט ער אין גאנצען אויפֿגעהערט, אָבער מען זאָל זאגען, אז חייקעל איז געוואָרען אן'אפּיקירס, קען מען ניט, ער האט מעהר ניט, ווי געביטען די רעליגיאָן... אנשטאט דאווגען און „ברכות" און קדושות האט ער זיך גענומען מיט דער זעלבער כונה צו די פֿערבאָטענע ליעדער, און אז ער פֿלעגט זינגען „מיר ווערען געהאסט און געטריעבען", פֿלעגט ער צומאכען די אויגען ווי אמאָל איינגעלווייז צו שמע ישראל און פֿלעגט אריינקומען אין א רעכטען רעליגיעזען עקסטאַז. טאָמער פֿלעגט ביי א פֿערזאמלונג פֿון עטליכע ארבייטער איינער זיך פֿערטראכטען און אנהויבען זינגען א ליעד פֿון שולמית, צי בר כוכבא, צי אזוי א „ליעבע־ליעד", פֿלעגט חייקעל מיט א פֿרומער מינע אנהויבען צו מוסר'ן:

— פֿע, א חרפּה און א שאנדע! וואָס זינגסטו אזעלכע בורזואזישטישע ליעדער?

און גלייך פֿלעגט ער אנהויבען צו זינגען:

מיר ווערען געהאסט און געטריעבען...

און די איבריגע פֿלעגען אונטערחאפּען:

מיר ווערען פֿעריאָגט או' פֿערפֿאָלגט
נאָר אלעם דערפֿאר וואָס מיר ליעבען
דאָס אָרימע עלענדע פֿאָלק...

מע אַרבייטער"; יעדער זאָרגט פיר דעם אָרמען אַרבייטער, יעדער טראַכט נאָר פון זיינעטוועגען. ציוניסטען, אוגאַנדיסטען, טעריטאָריאַליסטען, פּועלי ציון און ווייס נאָכט נאָך ווי פיעל אַנדערע אפּוטרפּסים וואָס ווילען איהם שיטצען, וואָס זינגען איהם פאָר איין שלעפערדיג ליעד, אום איהם צו זיינער קלאַפּענדער וואונדע שלעפנעטראנק איינצוגעבען, מען זאָל איהם איינשלעפערן. לאָמיר זעהען אויב פון די שעהנע פערזאָרגערס געפינט זיך איינער, וואס זאָל טראַכטען דעם אָרמען אַרבייטער זאָלען די לעבענסמיטעלן בילינער אויסקומען, אויב עס געפינט זיך איינער, עס זאָל איהם אינטערעסירען די עלענדע לאַגע וואָס הערשט יעצט אינטער די שיכטען פון פּראָלעטאַריאַט. אומגעקערט, וואָס מען פיהלט נאָר אַז מען קען דאָס קאַפּיטאַל ציהען, אָבגעזעהן דאַפון וואָס דאס פאָלק הויכט זיין לעטצען אַטהעמצוג אויס אונטער דע־ שווערער לאַסט, ווערט עס אַזוי הויך בעשטייערט, אַז דאָס פאַלק מוז שמעכטען אין הינגער אין נויטה אונד עלענד. דאָס פאָלק, דאָס אַרבייטענדע פאָלק איז שוין אָבער נישט מעהר פערדומט עס זאָל גלייבען יעדען הייכלער און זיך פון איהם לאָזען פיהרען. דער פּראָלעטאַריער פון 20־טען יאָהרהונדערט איז שוין גענוג רייף צו ערקענען זיינע וואָהרע פריינד, די וואָס זוכען און בעשטרעבען זיך פון זיינעטוועגען. אַט זענען מיר איבערציינגט ווי ווייט דאָס פאָלק פיהלט און ווייסט. ביי אונז זענען זייט 6 מאָנאַטען 6 נייע אָרגאַניזאַציאָנען געשאַפען געוואָרען: טישלער, מעטאַלאַרבייטער, כעמישע אַרבייטער בעקער, שוסטער און האַנדעלסגעהילפען. אַלע אָרגאַניזירען זיך געווערקשאַפטליך און צעהלען בייזאַמען 300 אַרבייטער. און אַז מען האט ביי אונז געהערט פון דעם וואָהלרעכטס־ויב פאָן באַראָן גויטש האט עס קיינעם נישט בארירט נאָר אינזער סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, און מיר האָבען געפאָלגט דעם רוף פון די אַרבייטער עסטרייכס און האָבען איינבערופען פאָלקספערזאַמלונג אויף מאָנטאג דעם 25. פ. כ. מיט דער טאָגעסאָרדנונג: „דאָס דאָס אַטענטאַט גויטש געגען די וואָהלרעפאָרם. די בעהערדע, וועלכע איז נישט געוואָהנט, מען זאָל איהר די וואַהרהייט אין דער עפענטליכקייט זאָגען, האָט די פערזאַמלונגען פערבאָטען, אונד מיר האָבען געמוזט אָבהאַלטען א פערטרויליכע פערזאַמלונג. אויף דער וואַנט פון אונזער לאָקאַל איז געווען אויפגעשריבען אויף'ן טאַפעל מיט רויטע בוכשטאַבען: עס לעבע דאָס אַלגעמיינע אונד דירעקטע וואַהלרעכט. דאָן מיט שוואַרצע: „„נידער מיט גויטש". אום האַלב 8 זענען די לאָקאַליטעטען וועלכע פאַססען 5 ביז 600 פערזאָנען, געווען איבערפיללט. און א צוויישטינדיגער רעדע האָט גענ. העקער ערקלעהרט דען ווערטה פון דעם אַללגעמיינעם אונד דירעקטען וואַהלרעכט פיר דאס פּראָלעטאַריאַט, די ענטריסטונג געגען ב. גאויטש איז געווען אונגעהייערע. אוים הונדערטע קעהלען האָט מען געהערט ספוי רופּע אונד נידער. נאָך דער פערזאַמלונג האָט דער צוג דעמאָנסטרירט אין געשלאָסענע רייהען צו דער בעצירקסהויפּטמאַנשאַפט. דאָרט האָט מען אָבגעזונגען דעם „טשערוואָני שטאַנדאַר" אין ווידער ספוי רופּע אויף גאויש אויסגעריפען. דאָן איז דער צוג דורך דער שטאָדט מאַרשירט אונטער דער העפטיגסטען אויפרעגונג. די פּאָליציי האָט זיך געוואָלט אַריין מישען, אָבער גענאָסע העקער האָט ערזוכט דעם צוג וועלכער אויף פיעלע הונדערטער אַנגעוואַכסען, ער זאָל זיך רוהיג אויסאַנאַנדעס געהן. די אַרבייטער האָבען געהאָרכט זייער פיהרער אונד זענען רוהיג אויסאַנאַנדער געגאַנגען. זאָנטאַג אַם 2 ד. מ. האָבען די האַנדעלס־אַנגעשטעלטען געהאַלטען פערזאַמלונגען מיט דער טאָגעסאָרדנונג: די 9 אוהר שפּערע. עס זענען געווען פאַסט אַלע האַנדעלסאַנגעשטע. רעפערירט האָט גענ. העקער אונד אוסטער. מעהרערע האַנדעלסאַנגעשטעלטע האָבען דאָס וואָרט ערגריפען אין דער דיסקוסיאָן. אויך די פּרינציפּעלער האָבען זיך דורך א קויפמאַן מיט דעם נאָמען רייזמאַן געלאָזט פערטרעטען. עס איז ערוועהלט געוואָרען איין גרעסערעס קאָמיטע, וועלכעס זאָל מיט די קויפלייטע אום די 9 אוהר שפּערע פערהאַנדלען. מיר וואונשען איהם ערפאָלג. די מעטאַ־־אַרבייטער האָבען דורך די אָרגאַניזאַציאָן געצוואונגען זייערע אַרבייטסגעבער קאָלעקטיוו פערטרעגע צו מאַכען. זיי האָבען ערציעלט 10% לאָהן ערהעהונג, אַנערקענונג דער אָרגאַניזאַציאָן, פרייגאַבע דען 1 מאַי א. ז. וו. אוים דען אומשוואונג וואָס אונזער פּאַרטיי האָט ביי דער לעטצטער צייט געמאַכט צעהלען די פאַר ציוניסטליך בעשעמענד צו, זאָ ווייט דאָס איינינע, נאַטירליך די טיכטיגסטע האָבען דען לאַנגווייליגען לאַגער פון די ציוניסטען פערלאַסען און זענען צו אונזער רויטער פאָהן איבערגעגאַנגען. עס געפעלען זיי בעסער אינזערע רעוואָלוציאָנערע ליעדער ווי זייערע שלעפערינע. יאַ אונזער פּאַרטיי רוהט ניכט און שפּרייט וויסען אונטער די ניעדרינסטע שיכטען פון דער אַרבייטערשאַפט. די צוקונפט איז אונזערע און וועה די דיענינען וועלכע שטערען אונז אין אונזער פאָרשריט.

עס לעבע די סאָציאַלדעמאָקראַטישע פּאַרטיי.

הערמאַן פיכס.

---

ביכער. אַזעלכע ביכער האָט ער געזעהן ביי „לייבעל אַנטאַטאָר". ער מוז וויסען, ביי איהם דאַרף מען טאַקי א פרעג טאָהן.

נאָך דער אַרבייט איז ער אַוועק צו לייבעל אַנטאַטאָר.

לייבעל אַנטאַטאָר, וועלכער האָט געוואָהנט ערגיץ אין א הינטער געסיל, האָט דריי מאָהל געפרעגט, ווען חייקעל האָט אָנגעקלאַפּט אין זיין טהיר: ווער איז דאָס?

ווען חייקעל וואָלט געדאַרפט האָבען צו איהם ווענען א „קאָנספּיראַטיווען" ענין, וואָלט ער דרייסט געזאָגט ווער ער איז און לייביל וואָלט איהם גלייך אַריינגעלאָזען. אָבער האַבענדיג איינענטליך אַזא נאַרישע חאָטש סאָציאַליסטישע שאלה, האָט חייקעל קיין מוטה געהאַט צו ענטפערן ווי א „בעקענטער". צוויי מאָל האָט ער געענטפערט „איך", ווי א געוועהנליכער בעזוכער, דעם דריטען מאָהל האָט ער זיך אָבער געפאַסט מוטה און געענטפערט אַזוי, אַז לייב האָט איהם אָהן מורא אַריינגעלאָזען.

— עפּעס א נייעס? האָט לייב זיך געפרעגט.

— ניין אַזוי... האָט חייקעל פערשעהמט געענטפערט... אפשר האָט איהר עפּעס פרישע ליטעראַטור?

לייב האָט איהם געגעבען. חייקעל איז געזעסען א ווייַלע שטיל, געקוקט אויף דער ערד, נאָכהער איז ער צוגעגאַנגען צום טיש, א בלעטער געטאָהן א דיקבוך אין דער רוסישער שפּראַך און מיט א פערשעהמטען שמייכעל געזאָגט:

— דאָ מוז אודאי שטעהן פון אַלע.

לייב אַנטאַטאָר האָט געשמייכעלט און געגלעט זיינע שוואַרצע לאַנגע געוואָרפענע האָר.

חייקעל האָט א ווייַלע געשוויגען, נאָכהער האָט ער זיך געווענדט:

איך האָב היינט געהאַט א דיספּוט מיט אַן אַרבייטער, א בעקענטען.

— ווענען וואָס? האָט לייבעל געפרעגט.

— עס איז א חרפה צו זאָגען... ווענען „ליבע".

— עס איז נאָר קיין חרפה ניט — האָט לייב אַנטאַטאָר זיך אָנגערופען מיט אַן אווטאָריטעטען טאָן. דער סאָציאַליזמוס נעהמט אין זיך אַריין אַלע פראַגען. ליעבע איז זעהר א וויכטיגע פראַגע.

— אָט וויל איך טאַקי ביי אייך פרעגען — איז חייקעל מוטהיג געוואָרען. — ווי איז למשל דער דין, אַז אַן אַרבייטער פערליעבט זיך אין עקספּלאָאַטאַרס א טאָכטער?...

— ווי הייסט, ווי איז דער דין? האָט לייבעל ניט פערשטאַנען די פראַגע און האָט געשמייכעלט.

— איך מיין, צו מעג אַן אַרבייטער זיך פערליעבען אין א פאַבריקאַנטס א טאָכטער?...

— אוי, אוי, אוי! נאָך ווי מעגען! האָט לייבעל אויסגערופען.

חייקעלס געזיכט איז ווי מיט שטראַהלען בעשאָטען געוואָרען.

— אוי, מען מעג! און איך האָב געמיינט... איך האָב געזאָגט אַז מען טאָר ניט...

— יאַ מען טאָר טאַקי ניט — האָט לייבעל געלאַכט — איהר ווייסט פאַר וואָס? ווייל אַז דער פאַבריקאַנט זאָל זיך דערוויסען וועט ער דעם אַרבייטער אַרויס־טרייבען פון פאַבריק...

חייקעל האָט אַראָבגעלאָזען דעם קאָפּ.

— וואָס איז? האָט לייבעל געפרעגט — האָט זיך דען דאָ ווער פערליעבט אין פאַבריקאַנטס מיידעל?

— ניין, עס איז אַזוי געקומען צו רייד... האָט חייקעל שוואַך געענטפערט.

— מען מעג! מען מעג! האָט לייב אַנטאַטאָר פעסט אַרויסגערעדט.

* * *

אַז חייקעל איז צוריקגעגאַנגען פון לייבעל'ן האָט ער איבערגעטראַכט:

„מעגען מעג מען, נאָר אַז דער פאַבריקאַנט זאָל זיך דערוויסען, וועט ער דעם אַרבייטער אַרויסטרייבען"...

— א קרענק וועט ער וויסען! האָט ער אין געדאַנק גערעדט, און דער מאָנענדיג זיך אַן פאַניען, האָט ער אין געדאַנקען צוגעגעבען:

— און די וועט אויך ניט וויסען!

„אָבער א קרענק וועט די ניט וויסען" האָט ער ניט געטראַכט. ווי באַלד אַז ליעבען מעג מען אויך א קאַפּיטאַליסטס א טאָכטער, היינט פאַר וואָס קומט איהר א קרענק?...

(„צייטגייסט").

זענען: „זיי זענען אינטערנאַציאָנאַלע נאַציאָנאַלע סאָציאַליסטען (?) (אַנ'ארט קלוגע נערנים אָדער קלאָרע משוגעים). אויף די פראגע פון דעם נענאסע שאפירא: וואָס דאָס בעדייטעט? האָט דער ציוניסט געענטפערט — בשתיקה. ער האָט זיך נעדרעהט ווי דער בראטען אויף'ן שפיז. די פועלי ציון בלאמירען זיך אויף שריט און טריט: יעצט דורך דעם הערר קעננער, ניט לאנג דורך הערר שטאַנר, וועלכער האָט נעזאָגט, אז די פועלי ציון שטערען דעם ציוניזמוס.

דעם 22־טען סעפטעמבער איז נעווען אין סאָציאַליסטישען פעראיין „זנאדא" א גענעראַל־פערזאַמלונג. דער פאָרזיצענדער פון דער פערזאַמלונג, נען. שטיינער האָט געגעבען א בעריכט איבער די אַרבייט פון דעם פעראיין אים פערגאַנגענעם יאָהר. דעם 1־טען מאי האָט גען. לייסטנער בעקאַנט געמאַכט די פערזאַמלונג מיט דער אַרבייטער לאַגע און האָט גערעדט איבער די בעדייטונג פון ערשטען מאי. נאָך דער פערזאַמלונג איז נעווען א דעמאָנסטראַציע.

דאָס יאָהר זענען געקומען פון לעמבערג צוויי מיטגליעדער פון דער „יודישער פאַרטיי" וועלכע האָבען געוואָלט דעם פעראיין „זנאדא" צו זיך ציהען, אבער אַלע זייערע אַנשטרענגונגען זענען געווען אומזיסט און דער פעראיין נעהער ווי ביז־העֶר ווייטער צו דער פוילישער פאַרטיי.

וואהלען:

בנימין שטיינער — פרעזידענט, מאָזעס פרידמאַן — וויצע פרעזידענט, יוסף כוזען — סעקרטער, פטר קינביין — קאססיר. פערוואַלטער: אברהם קופפער, הירש גילדער, זיגמונד שעב אונד ש. חינעזער; פערטרעטער: סימאן האמערמאַן, יעקב באַדען אונד בעטי פייערשטיין; רעוויזאָן־קומיסיאָן: שלמה שאפירא, שמואל פאפערניק; גענאססען געריכט: בריק, ב. לייסטנער ב. לייטער, קופפער אונד מירעל לאנדענבערג.

דער האַס פון די קאַפּיטאַליסטען צו די סאָציאַליסטען האָט זיך קלאר געצייגט אין דער פערוואַלטונג פערזאַמלונג פון אונזער קראַנקען־קאַסע. מען האָט בעשפּראָכען איז וועלכער אַפּטייק די קראַנקען־קאַסע זאָל קויפען די מעדיקאַמענטען. אין פאָרצימער זענען געווען א פינפציג אַרבייטער, וועלכע האָבען אָהן געדולד געוואַרט אויף'ן סוף פון דער אַסיפה. ווען גען. שטיינער א פערוואַלטונגס־מיטגליעד פון דער קראַנקען־קאַסע, האָט זעהר גוט פערטהיידיגט די אינטערעסען פון די אַרבייטער, האָבען זיך די אַרבייטער ניט געקענט איינהאַלטען, זייער מיינונג איבער דעם ניט אויסצושפּרעכען. דערויף איז ארויסגעגאַנגען מאַקס ראַפּאַפּאָרט (א ציוניסט). ער האָט דערזעהען דעם גען. שאפירא, וועלכער שטעקט די ציוניסטען ווי א ביין אין האלז און האָט א געשריי געטהון: „ארויס פון דאַנען! רוססע! אַנאַרכיסט! דער הער ראַפּאַפּאָרט מיינט, אז דער גען. שפירא צו זאַמען מיט די אַרבייטער וועט זיך איבערשרעקען און באַלד ענטלויפען. אבער וואָס האָט ער געוואָלט טהון, ווען די אַרבייטער האָבען איהם ענטקעגען געשרייען: „נידער מיט די קאַפּיטאַליסטען! פיו! זי האָבען דאָ קיינע רעכטע! הערר ראַפּאַפּאָרט האָט זיך אבגעטראָגען. די אַרבייטער ווילען זיך נאָך מיט דעם ציוניסט אברעכענען.

ש. ש.

נייסאנדעץ, דעם 23/9 905.

עס איז אָבגעהאַלטען געוואָרען א גרויסע פאָלקספער־זאַמלונג וועגען מיניסטער גויטש, גערעדט האָט א רעפעראַנט פון קראָקוי. אין א לאַנגע רעדע האָט ער אויסגעוויזען ווי גויטש האָט בעליידיגט די אַרבייטער־קלאַסע, ווייל ער האָט נישט געלאָזט דורכפיהרען אין אונגאַרן דאָס אַלגעמיינע וואַהל־רעכט, דאַן האָט גערעדט גענאָסע שוסס ווי אַזוי אונזערע מיניסטאָריען שאַפען הייטע: פון דעם טייערונג נעהט זיי נאָר נישט אָן, די אַרבייטער מעגען שטאַרבען פאַר הונגער איז נאָר נישט זייער זאַך, נאָר אז מען וויל דורכפיהרען אַלגעמיינע וואַהלרעכט קושען זי די פאַלע ביי דער קראַגע אבי דאָס פאָלק זאָל קיין רעכט ניט האָבען, דאַן האָט ער געשטעלט איין אנטראַג אז מען זאָל אויסדרוקען איין מיסטרויענס־וואָטען גויטשען פיר זיין פאַרנעהען און דעם פוילען קלוב, ווייל ער אונטערשטיצט אַזאַ בעסטיאַלען מיניסטער. דער אַנטראַג איז איינשטימיג אַנגענומען געוואָרען מיט די רעזאָלוציאָן פון רעפערענט.

קאַלאָמעאַ.

## וואו זענען מיר ערגעץ אין דער וועלט.

אז מיר קוקען זיך צו בעסער צו דער יעצטיגער אָרדנונג זעהען מיר אַזוינע חדושים וואָס זיי פערדיענען אמת, מען זאָל זיך איבער זיי וואונדערן. אונזער וועלטיל איז פיל מיט חברות, עס וואַקסען פעראיינען אַזוי ווי שוואָמען אין וואלד; יערע חברה שטעלט אויף איהר פאַנאַם: „הילפע די אַר־

— ביים בעסער אָב דעם צונג!...

נאָכדעם אָבער פלעגט ער א לאַנגע צייט טראַכטען וועגען איהר און ווי, אויף צו להכעיס, פון דער גוטער זייט... אָבפּאַטאַזירענדיג וועגען איהר א גוטע האַלבע שעה, פלעגט ער זיך פּלוצלונג עפּיס דערמאָהנען אין פלעגט זיך ווי פון א שרעקליכען חלום אויפכאַפּען.

— וואָס איך קען טראַכטען! פוי! און ווי אַן'אמת'ער בעל תשובה פלעגט ער גלייך אויף די בייזע מחשבות זיך מתחרט זיין און זיך נעהמען צו ריין סאָציאַליסטישע מחשבות און כדי אין גאַנצען אוועקטרייבען די פריהערדיגע רעיונות פלעגט ער זיך ווענדען צו איינעם, וואָס איז לעבען איהם געשטאַנען ביי דער אַרבייט און געפרעגט:

— דו האָסט געלעזען די פּראָקלאַמאַציע וועגען דעם בעקער שטרייק אין וואַרשוי?...

אָבער וואָס ווייטער האָט חייקעל אָנגעהויבען צו פיהלען, אז זיינע געדאַנקען ווענען פאַניע, דעם פאַבריקאַנטס טאָכטער, זענען ניט קיין כשר'ע, ער וואָלט שווערען, אז ער האָסט זי ניט... דאַכט זיך פונקט פערקעהרט.. ביי דעם געדאַנק פלעגט ער זיך ניט אויף געלעכטער דערשרעקען. און ער פלעגט רופען צו הילף אַלע ביכלעך, וואָס ער האָט געלעזען, דעם „גן עדן התחתון", און „ווי איינער לעבט", און די „די מעשה מיט די 4 ברידער", און נאָך און נאָך. און אויב עס פלעגט נאָך ניט ווירקען פלעגט ער אויסגראָבלען פון זכרון אַלע רציחות פון די פאַבריקאַנטען בכלל און פון זיינעם בפרט, אַלע ניט געלונגענע סטרייקען, הינע און אויסלענדישע פון וועלכע ער פלעגט לייענען, אפילו דעם „קוילען גרעבער שטרייק" אויך. אויף א ווילע פלעגט עס ווירקען, און ער איז שוין געווען זיכער, אז ער האָסט פאַניען גלייך מיט אַלע „בורזשויען", קאַפּיטאַליסטען און טיראַנען. שפּעטער אָבער פלעגט, ווי א דורך א כשוף, א בליץ טאָהן פאַר זיינע אויגען איהר געשטאַלט. און דאָס געפיהל פון האַס איז ווי אַנטלאָפען געוואָרען און אין האַרץ האָט זיך בעזעצט א צווייטעס געפיהל, וועלכען חייקעל האָט מורא געהאַט אָנצורופען מיט'ן נאָמען. אָבער ער האָט דעם נאָמען זעהר גוט געוואוסט.

— א חרפה און א שאַנדע! פלעגט ער זיך אַליין מוסר'ן. ווי איז דאָס געהערט געוואָרען אז אַן אַרבייטער... סטייטש! סטייטש! אַן אַרבייטער... וועמ איז זי: אונזערע א בלוט־זויגערין... פון אונזער בלוט איז זי שעהן... יענטיל, וואָס אַרבייט אין שוועבעל פאַבריק איז דאָך איינענטליך טויזענד מאָהל שעהנער, באַשר, זי איז געביך דאַר און פינסטער פון די קאַטאַרזשנע אַרבייט. זעהט זי אויס אַזוי מיאוס... נעהם איך נאָר און פערליעב זיך... פוי! א שאַנדע! איך בין נאָר קיין סאָציאַליסט ניט...

דער געדאַנק אַז ער איז נאָר קיין סאָציאַליסט ניט האָט אַנפאַנגס אַזוי שטאַרק געווירקט, ביז חייקעל האָט שוין געמיינט אז ער איז שוין אין גאַנצען בעפרייט געוואָרען פון די זינדיגע מחשבות. עס האָט אָבער ניט לאַנג געהאַלטען; גראָד אויף מאָרגען ווי מעשה שטן, פלעגט פאַניע אריינגעהן אין זיין אָבטהיילונג און מיט איהר שטאָלצען אָבער אָנגענעהם קלינגענדען קול, פרעגען:

— איז דאָ נישאָ דער פּאַפּאַ?

און גראָדע ער, חייקעל, פלעגט ער איהר דער איינציגער ענטפערן:

— אָט נאָר וואָס ארויס...

און ענטפערן דוקא פריינדליך...

ליידענדיג אַזוי פון דעם דאָזיגען געפיהל, האָט אים איינמאָהל דורכגעבליצט א געדאַנק:

פון וואַנען ווייס ער איינענטליך, אז מען טאָר קיין פאַבריקאַנט'ס טאָכטער ניט ליעב האָבען. וואָס איז זי שולדיג, אז איהר טאַטע איז רייך, א טיראַן, א בלוט־זויגער. עס קען זיין אז לויט סאָציאַליזמוס איז דאָס נאָר ניט קיין עבירה.. פון וואַנען ווייס איך דאָס טאַקי, אז מען טאָר ניט? האָט ער זיך בערוהיגענדיג געפרעגט — קיין גרויסער „ענטוויקעלטער" בין איך דאָך ניט — עס ע זעהר מעגליך זיין, אז עס איז ניט אַזוי שרעקליך...

דאָס האָט איהם אַביסעל בערוהיגט, אָבער דאָך ניט אין גאַנצען. פּסקנען אַזאַ שווערע שאלה האָט ער אויף זיך אַליין זיך ניט געקענט פערלאָזען. וואָרים, שטיינס געזאָגט, וואָס ווייס ער? סך הכל האָט ער געלעזען דעם גן עדן התחתון? „פון וואָס איינער לעבט", די „מעשה מיט די 4 ברידער" און נאָך אַזוינע און פּראָקלאַמאַציעס. אמת, פּראָקלאַמאַציעס האָט ער טאַקע אַסך געלעזען. אָבער דאָרטען שטעהט דאָך ניט וועגען אַזוינע ענינים. דאָס מוז שטעהן אין די גרויסע

## אנאויטאנאמיע פאר קרוין־פוילען.

אויף דער זיצונג פון 26־טען סעפטעמבער איז ארומגעקלערט געוואָרען די פראגע וועגען אַנ׳אויטאָנאָמיע פאר פוילען.

עס איז אָנגענומען געוואָרען איינשטימיג די פאָלגענדע רעזאָלוציע:

„דער גרעסטער טייל פון דער פוילישער בעפעלקערונג בעשטעהט פון א בעזונדער נאציאָן, וועלכע לעבט זיך מיט איהר אייגענער קולטור און האָט זיך אירע אייגענע סאָציאלע און עקאָנאָמישע אינטערעסען.

אין אט די אַלע ענינים איז זי שארף אָבגעזונדערט פון די נאציאָנען, וואָס בעפעלקערן די איבריגע טיילען פון דער רוסישער מלוכה.

מחמת דעם איז נויטיג, אַז תכף ווי עס וועט איינגעפיהרט ווערען אַנ־אלגעמיינע דעמאָקראטישע פאָלקס־פערטרעטונג פאר די גאנצע אימפעריע, מיט קאָנסטיטוציאָנעלע רעכט, זאָל פוילען בעקומען א בעזונדער אויטאָנאָמיע און האבען איהר אייגענעם סיים, וועלכער זאָל אויסגעקליבען ווערען דורך אלגעמיינע, דירעקטע, גלייכע און געהיימע וויבאָרעס. בתנאי, אַז אינאיינעם דערמיט זאָל זי אויך בלייבען א טייל פון דער אלגעמיינער רוסישער אימפעריע.

צווישען פוילען און די ארומיגע שכנישע גובערניעס זאָל דורכגעפיהרט ווערען א גרעניץ, לויט דעם געגענזייטיגען הסכם פוןביידע צדדים; דערביי זאָל גענומען ווערען אין בעטראכט, וואָס פאר אַ בעפעלקערונג דאָרטען, ביי דער גרעניץ, געפינט זיך און עס איז אָבהענגיג אָן דעם ווילען פון דער דאָרטיגער בעפעלקערונג, צי זי וויל פעראייניגט ווערען מיט פוילען אדער ניט.

דערביי מוזען אין פוילען אויך איינגעפיהרט ווערען די אַלגעמיינע געזעצען וועגען בירגערליכע פרייהייט און די דארטיגע פערשיעדענע נאציאָנען בעקומען אויך זייערע בעזונדערע קולטורעלע רעכט און עס מוזען אויך געזיכערט ווערען די רעכט פון דער מינאָריטעט (דער קלענערער צד)“.

### ער קען זיינע לייט.

דער פראָפעסאָר קאָוואַלעווסקי וויל זיך נאָך דערוויל ניט נעהמען צום גרינדען א פרייע אוניווערזיטעט אין רוסלאנד. חאטש געלד דעראויף איז שוין דאָ און פיעל פראפעסאָרען זענען גרייט צו שטיצען דעריגען ה׳ קאָוואַלעווסקין. ה׳ קאָוואַלעווסקי האָט אבער מורא צו ריזיקירען מיט דעם געלד, ווייל ער איז ניט זיכער, אַז מען וועט עס דערלאָזען דורכפיהרען.

## די אידישע ארבייטער ביבליאטעק

פון

דער פוילישער סאָציאַליסטישער פאַרטיי.

גן־עדן התחתון. פרייז: 2 העלער.
קאוטסקי. די אונאָבהענגיגקייט פון פוילען. פרייז: 10 „
פייגענבוים. ווי קומט א יוד צו סאָצ.? פרייז: 20 „
א. ווראנסקי. די אידען אין פוילען. פרייז: 10 „
ש. דיקשטיין. פון וואָס איינער לעבט. פרייז: 20 „
וואָס יעדער אַרבייטער דארף וויסען און געדענקען. 30 „
ליעבקנעכט. די וואהרהייט איבער דעם סאָצ. 30 „
די ארבייטער רעוואָלוציאָן. פרייז: 15 „
א. דעמבסקי. סטאַניסלאַוו קוניצקי. פרייז: 10 „
מ. מיכלזאָהן. הערשעל דער שניידער. פרייז: 10 „
לאַטאַרניק. יאראָסלאַוו דאָמבראָווסקי. פרייז: 10 „
שפיאָן. פרייז: 15 „
לאַטאַרניק. די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן. 20 „
ב. א. י. לורוויג וואַרינסקי. פרייז: 20 „
אַמעריקאנער. פיל יפינאַ פלאַסקאָוויצקא. פרייז: 10 „
אַרבייטער געדיכטע. פרייז: 30 „
ב. א. י. אוגוסט בלאָצקי: פרייז: 10 „
אַ קלאָרער ענטפער (ביילאגע צום 8־טען נומער „אַרבייטער“). פרייז: 15 „
די אַרבייטער סאָלידאַריטעט און דער קאַמפף אום ראזיין. פרייז: 10 „
פערדינאַנד לאַסאַל. פרייז: 15 „
מ. מיכלזאָהן. טאַדעאוש קאָשציושקא. פרייז 20 „
ב. פייגענבוים. דער רעכטער וועג. אַ ויכוח וועגען די פוילישע סאָציאַליסטיש פאַרטיי און איהרע פאָדערונגען, אין צוויי טהיילען. פרייז: 80 „

די אַלע בראשורען ווי אויך אַלע פוילישע אויסגאַבען פון פ. פ. ס. זיינען צו בעקומען אין דער אַדמיניסטראַציאָן פון „פשעדשוויט“ Kraków, Grodzka 50.





# כראניק.

## „אונטער די תליה"

— אזוי הייסט דער פעליטאָן, וועלכען מיר וועלען אנפאנגען צו דריקען אין נעכסטען נומר. דאס זענען העכסט אינטערעסאנטע און שווער־ליבע ערינערונגען פון דעם גרויסען סאָציאליסטישען פ־אצעס פון דער פא־טיי „פראָלעטאריאַט" אין יאָהר 1886 אין ווארשא. דער שרייבער פון די ערינערונגען, גענ. מאנקאָווסקי איז אין דעם פראָצעס אויך פערמשפט געוואָרען צום טויט.

## די „נייע צייט"

די יודישע סאָציאליסטישע צייטונג די „נייע צייט" אין לאָנדאן האט אויפגעהערט אַרויסגעהן, ווי די רעזאָלוציע שרייבט אין לעטצטען נומער וועט די צייטונג אָנפאנגען ווידער אַרויס צו געהן דעם 1־טען אָקטאבער.

## דער ציוניזמוס און דער שיין פון זיינע אנהענגער.

וואס פאר א רעש, וואס פאר א געפילדער האבען די ציוניסטען אנגעמאַכט מיט דעם „תחית השפה" און „תחית הלאום". וועגען דעם גאנצען טאַראַראם שרייבט גאַנץ ניכטערן ה. ס. קאפלאן אין „הזמן":

„צו וואס זאלען מיר זיך נאַרען? אין דער גאַנצער לעצטער תקופה איז ניט געוועהן צו זעהן, אַז דאס אויפלעבען פון דער העברעאישע ליטעראטור, זאל געהן פון אינווייניג, פון פאלק. אַזא מין אויפלעבען האט זיך פאר צעהן יאהרען יא געהאט ווי בעוויזען ביי אונז: בן־אבגדור'ס „ספרי אגורה" „אחיאסף", „תושיה", און דאס פאָלק (?) האט נעקויפט די נייע ספרים מאסענווייז. דעמאלט האָבען מיר מיט אַן'אמת געמיינט, אַז עס הויבט זיך אָן א נייע תקופה, א תקופה פון יודיש־נאציאָנאַלען אויפלעבען. אַוועק אַ קורצע צייט, און די גאַנצע צובלאָזענע חסימות איז פארביי; קאַלטבלוטיג האט דער עולם אָנגעהויבען קוקען אויף די נייע ספרים און פון דאן אָן הויבט זיך אָן פאר אונזער ליטעראַטור די תקופה פון „שפריצען אונטער'ן הויט", וואס ציהט זיך ביז אויף היינטיגען טאג.

און ווייטער: אַז דאס יודישע אויפלעבען איז ניט נור א פוסטע פראַזע — פאַרוואס זעהט מען ניט קיין לעבען אין יענע אַנשטאַלטען, וואס עקזיסטירען שוין פון פריהער? פאַרוואס איז די יודישע אוניווערזיטעט, גימנאַזיום א. ד. ג. געבליבען אויפ'ן פאפיער? פאַרוואס געהט אונטער די שולע אין יפו און די ביבלאָטעק אין ירושלים? פאַרוואס ליעגט דער ציוניזם ניט אין די הענד פון פאָלק, נאר אין די הענד פון עטליכע יונגע לייט, וואס פערמאגען א סך פראזען? פאַרוואס האבען אונזערע העברעאישע צייטונגען אזוי וועניג לעזער? פאַרוואס האבען וויר קיין איינציגען זעלבסשטענדיגע העברעאישען זשורנאל ניט?

ווילט אונז ניט פערגלייכען מיט די משכען אָדער מיט די פאלאַ;ען! יענע שפיעלען זיך ניט מיט ווערטער. מעשים טהוען זיי. קרבנות ברענגען זי פאר זייער נאַציאָנאלען אידעאַל! מיר אבער שפיעלען זיך מיט פראזען, שפיעלען זיך מיט גבאות. מאַכען נייע תקופות און רעקלאַמעס פון הומבוג — צי דערמיט וועלען מיר געהאָלפען ווערען?"

דאס אַלעס איז גאַנץ ריכטיג. מיר פרעגען אָבער ווי באַלד די רעדאַקטארען פון העברעאישען „הזמן" זענען אזוי ניכטערן, וואָרום ציהען זיי דערפון ניט אַרויס קיין קאנסעקווענץ, נאך וואס שימלען זיי — אין דער העברעאישע פרעסע און — אין דער ציוניסטישער פאַרטיי?

## דער גורל פון אַנ'ארבייטער.

פון וואָראָנעזש מעלדעט מען אין „רוס. וויער" אַז דעם 12־טען סעפטעמבער איז אין דעם דאָרטיגען אייזענבאהן־דעפא איינגעפאַלען דאס אייזערן דאַך, בשעת אין דעפא האבען זיך געפינען איינגע הונדערט אַ־בייטער. עס זענען באַלד גערופען געוואָרען דאָקטוירים. דאס געביי איז ארומגערינגעלט געוואָרען מיט זשאַנדאַרמען וועלכע האָבען קיינעם ניט אַריינגעלאזען אינווייניג. וויפיעל אַ־בייטער עס זענען דער'הרג'עט און פערוואונדעט געוואָרען, איז נאך דערווייל ניט בעוואוסט, אבער די צאהל פון זיי איז זעהר גרויס. מיט אַ חודש צוריק איז דאָרטען געוועהן אַ שרפה, דאס דאַך איז פעדארבען געוואָרען און פערריכטען האָט מען ניט געהאט אין זינען.

ביים לעבען צו נאָכ'ן לעבען; די זעלביגע שמירה — די זשאַנדאַרמען.

---

# די רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג אין רוסלאַנד און אין רוסיש־פוילען.

## די עובדות פון דער רוסישער פאָליציי.

ניט לאַנג האָבען די רוסישע אַנטיסעמיטישע צייטונגען בעשאָטען פײַך און שוועבעל אויף א יודען בערמאַן, וואָס האָט מיט אַנ'אונערהערטער אכזריות אָבגענאָמען אַ יאַקאטרינאָסלאַווער פאָליציאַנט מיט שוועבעל־זויערע, דאָס איינגע האָט ער נאָכדעם געטהון מיט א פריסטאַוו פאָליציי קאָמיסאַר אין טשערקאָס.

איצט דערצעהלט „פרידניעפּרוסקי קראַי" עטליכע פרטים וועגען בערמאַניען. פון יאַקאטערינאָסלאַוו איז ער נאָך יענער מיאוס'ער מעשה נעלם געוואָרען און האָט זיך בעוויזען אין טשערקאַס; נאָך טשערקאַסער מיאוס'ער מעשה האָט מען דעם תכשיט אַרעסטירט און אָבגעשיקט בכבוד גדול קיין יאַקאטרינאָסלאַוו. דער נעזק'טער אָקאָלאָדאָטשנע האט איהם דערקענט, אַז דאָס איז זיין גזלן בערמאַן.

כאַלד איז אָבער דעם אָקאָלאָדאָטשנעמ'ס שמחה פערשטערט געוואָרען. בערמאַן האט דערצעהלט:

„צוויי פאַמיליעס האָב איך: אַלעקסייעוו און בערמאַן. די ערשטע אויף דעם פאַל, ווען ס'קומט מיר אויס צו זיין אַנ'עכט „רוסישער מענש", און די צווייטע — ווען איך דאַרף זיין א סאמע עכטער יוד. און דיענען דיען איך אין „אָחראַנע אָטדעלעניע". מיין ספעציאלנאָסט — צו מאַכען אָנפאַלען אויף פאָליציי בעאַמטע. אונטערוועגס האב איך געמאַכט אָנ'אָנפאַל אויפ'ן מינסקער פאָליצמייסטער: איך האב געשאָסען פון א שלעכטען רעוואָלווער און אין אַנ'אַנדער זייט. אין מינסק האט מען מיך נעהאט אַרעסטירט, נאָר אין עטליכע טעג אַרום איז אַנגעקומען א בעפעהל מען זאל מיך בעפרייען; אַזא בעפעהל וועט איהר אויך אין ניכען בעקומען".

## אַנ'אַנפאלל אויף א טורמע.

די פעטערבורגער צייטונגען שרייבען:

— אין דער נאכט אויפ'ן 7־טען סעפטעמבער האט אין רינאַ א המון פון 30 מאַן געמאַכט אַנ'אָנפאַל אויף די צענטראַלע טורמע. ערשטענס האָבען זיי איבערגעשניטען די דראָהטען פון טעלעפאָן. דערנאָך זענען זיי אַרויפגעקראָכען אויפ'ן פאַ־קאָן פון דער טורמע און אַראָבגעלאָזען זיך מיט א שטריקענעם לייטער אויפ'ן הויף פון דער טורמע. א טייל פון דעם המון האָט זיך אָנגעהויבען שיסען מיט וועכטער. צוויי פון די וועכטער האָט מען דער'הרג'עט אויף טויט און 3 זענען שווער־פערוואונדעט געוואָרען. דער צווייטער טייל איז אַריין אין טורמע, בעפרייט די אַרעסטאַנטען יאַן לאַצים און יולי סלעסאַר און אַוועק מיט זיי צוזאַמען פון טורמע. דיביידע אַרעסטאַנטען זענען באַלד אַנטלאָפען. דער המון האָט נאָך פערוואונדעט דעם טשאַסאָוואָי, וואָס איז געשטאַנען ביים טויער. אין טורמע איז געוואָרען א גערודער; עס זענען זיך צונויפגעלאָפען די וועכטער פון אַלע טיילען פון דער טורמע. אָבער די אָנפאַלער האָבען אויף זיי געלויערט און געשאָסען אין זיי. אויף די שאָסען זענען זיך צונויפגעלאָפען פאָליציאַנטען, וועלכע עס האָט זיך איינגעגעבען צו פערהאַלטען איינעם פון די אָנפאַלער, נאָכדעם ווי ער האָט דערשאָסען דעם פאָליציאַנט בויעוויטש אויף טויט. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט אַז אָט דער אַרעסטירטער איז א געוועזענער אַרבייטער, פיאָטר סינצע. די נאַכט־וועכטער האָבען אויך פערהאַלטען איינעם יאָסעל קרעמער 19 יאָהר אַלט. מען האָט ביי איהם געפונען א רעוואָלווער מיט אויסגעשאָסענע פאַט־אָנעס. קרעמער האָט זיך מודה געווען, אַז ער מיט איינינע לעטען, וועלכע ער קען ניט, האָבען זיך בעטייליגט אין דעם אָנפאַל אויף די טורמע.

## די צאַרישע גערעכטינקייט.

— אין „רוס" איז אָבגעדרוקט דער פאָלגענדער בריעף פון וואָלאָגדער גובערניע: „דעם 10־טען יוני האָט מען אונז אַרעסטירט אין פעטערבורג און מען האָט אונז אַריינגעזעצט אין וויבאָ־גער פעסטונג'ס טורמע, יעדערן אין א בעזונדער קעליע. ביז דעם 23־טען אויגוסט, דאָס הייסט אין משך פון דריטה־אַלבען חדשים, האָט אונז קיינער ניט געזאָגט וועגען וואָס מיר זענען אַרעסטירט געוואָרען. דעם 5־טען יולי האָט אונז א זשאַנדאַרמען־ראָטמיסטער מודיע געווען, אַז ער האָט שוין מודיע געווען אין די פערוואַלטונג פון דער געהיימער פאָליציי, מען זאָל אונז בעפרייען און דאָס מיר וועלען אויסגעהערט ווערען אַלס עדות. נאָך אָט דער ערקלערונג האָט מען אונז געהאַלטען ווייטער אין דער טורמע. מיר האָבען איינינע מאָל דערלאַנגט וועגען דעם צו דעם פראָקוראָר פון דער סודעבנער פאַלאַטע, אָבער עס האָט גאָר גישט געהאָלפען".

## דאָס מיליטער געריכט אין ווארשא.

דאָס קריעגס־געריכט אונטער דעם פאָרזיץ פון גענעראַל־מאַיאָר ארבוזאָוו וועלכער איז געשיקט געוואָרען פון פעטערבורג האָט פער'משפט דעם געוועזענעם שילער פון דער קאָמער־ץ־שול מיכאַלסקען און פראַחאַנאָוויטשען אויף 8 יאָהר קאַטאָרגע, נאַדאָלסקען און פיליפּאָוויטשען אויף 6 יאָהר, ווערעמאָוויטש'ן און קאָזוראַן צו 4 יאָהר קאַטאָרגע. זיי זענען בעשולדיגט געוואָרען דערפאַר, וואָס געהערענדיג צו דער אָרגאַניזירטער זעלבסט־שוץ זענען זיי אָנגעפאַלען אויף די אַרעסטאַנטען־קאַרעטע. אין וועלכער מען האָט געפיהרט מיט א קאָנוואָי דעם פער'משפט'ן צום טויט אָקרשייען.